# א הייליגע
# בעטט פליהט

אמערקווירדיגע מעשה וואס האט געטראפען מיט
רבי שמעון בן יוחאי וויא ער האט פארלאזען דיא
וועלט דורך גרויס פאראר,
קופירט פון מאנוסקריפטען.

פון יהושע מזח.


ווילנא
שנת תרס"ד לפ"ק


АГЕЙЛИГЕ БЕТЪ ФЛИТЪ.

т. е.

Святая постель. Разсказъ О. Мейзаха.


Соб. изд. Л. Л. Маца.





ВИЛЬНА.
Въ типографіи Л. Л. Маца, на Завальной улицѣ, д. Вендорфа.
1903 г.

# א.

אין דער צייט וואס דער היילינגער מאן רבי שמעון בן יוחאי האט בעדארפט זיך שיידען פון דער וועלט, זיינען אלע זיינע חברים געקומען צו איהם. אויך פיל אנדערע גרויסע חכמים האבען זיך פערזאמעלט אין זיין הויז. אונ רבי אליעזר אונ רבי אבא זיינען געשטאנען ביי זיין בעט.

רבי שמעון האט אויפגעהויבען זיינע אויגען אין דער הויך אונ ער האט געוויינט.

— וואָרום וויינט איהר? — האבען זיי איהם געפרעגט.

— איך וויין — האט רבי שמעון געענטפערט — ווייל איך האב מיך ערינערט אן מיינע אמאליגע יאהרען. איך געדיינק דיא גוטע צייט ווען איך בין יונג געווען אונ מיין שווער רבי פנחס בן יאיר איז ביי מיר געוועזען. וויא איך האב מיך נור געזעצט אויף איין ארט, איז באלד געקומען אפייער פון הימעל אונ ער האט מיך ארום געריגנעלט פון אלע זייטען, דאס קיין מענש האט אהן מיינע ערלויבניש ניט געקאנט צוטרעטען צו מיר אונ יעצט איז אין מיין הויז פיל מענשען. עס גייט אביין ווער עס וויל. וואהרשיינליך איז דער היילינגער פייער פון הימעל ניטא אין מיין הויז.

רבי שמעון האט אנגעפאנגען קוקען ארויף אונ פון אלע זייטען. וויא איינער זוכט עטוואס, אזויא איז דער הימעלשער פייער ווידער געקומען.

אלע חכמים וואס זיינען דארט געוועזען האבען געמוזט ארויסגיין פון שטוב. נור רבי אליעזר אונ רבי אבא זיינען דארט געבליבען.

— מיין טהייערער זאהן — האט רבי שמעון געזאגט צו רבי אליעזר'ן — גייא ארויס אויף דער גאס אונ זעה אויב רבי

יִצְחָק שְׁטֵייט דָארְטֶען . פִיהר אִיהם אַרַיין צוּ מִיר , זָאל עֶר זִיךְ בַּייא מַיין בֶּעט זֶעצֶען אוּנ מִיר זָאגֶען פוּן דִיא נַייעֶס וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אִין דֶער תּוֹרָה, דֶען זַיין אָרְט אִין גַן עֵדֶן אִיז נַייעֶר אַהוֹיכֶער . עֶר הָאט אַגְרוֹיסֶען חֵלֶק אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט .

וִויא רבי יצחק אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין שְׁטוּב , הָאט זִיךְ רבי שמעוֹן גֶעזֶעצְט אוֹיף זַיין בֶּעט . עֶר הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ לַאכֶען , אוּנ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר שְׁטַארְק פְרֵיילִיךְ .

— וואו זַיינֶען מַיינֶע גוּטֶע חֲבֵרִים אוּנ מַיינֶע לִיבֶּע תַּלְמִידִים ? הָאט רבי שמעוֹן גֶעפְרֶעגְט — וָוארוּם הָאבֶּען זַייא מִיר פַארְלָאזֶען ? גֵייא מַיין זָאהן אוּנ רוּף זַייא אַלֶעמֶען אַרַיין .

— בַּאלְד וֶועלֶען זַייא אַלֶע אַרַיינְקוּמֶען — הָאט רבי אליעזר גֶעעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וֶועל גֵיין זַייא אַרַיינְרוּפֶען .

רבי אליעזר הָאט אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אִין שְׁטוּב צוּ זַיין פָאטֶער דִיא חֲכָמִים : רַבִּי יְהוּדָה , רַבִּי יוֹסֵי אוּנ רַבִּי חִיָא . אוֹיסֶער דִיא אִיבֶּערִיגֶע חֲכָמִים .

רבי שמעוֹן הָאט אוֹיפְגֶעהֵייבֶען זַיינֶע בֵּיידֶע הֶענְד אִין דֶער הוֹיךְ אוּנ עֶר הָאט מִתְפַּלֵּל גֶעוֶועזֶען פְרֵיילִיךְ .

נָאךְ דֶער תְּפִלָּה הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט : וֶוען אִיךְ זֶעה אַייךְ , קוּמְט צוּ מִיר אַפְרֵיילִיכְקַייט . דָאס הוֹיפְּט בִּין אִיךְ פְרֵיילִיךְ מִיט דִיר רבי יצחק וַוייל דוּא הָאסְט אַגְרוֹיסֶען חֵלֶק אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט . אוּנ הַיינְט מִיט דַיין קוּמֶען צוּ מִיר וֶוערְט דַיין חֵלֶק נָאךְ פִיל גְרֶעסֶער , וַוייל דוּא וֶועסְט הֶערֶען פוּן מִיר גְרוֹיסֶע סוֹדוֹת אִין דֶער תּוֹרָה . אִיךְ הָאבּ בִּיז יֶעצְט אַייךְ נִיט גֶעקָאנְט זָאגֶען דִיא סוֹדוֹת . וַוייל אִיךְ הָאבּ קֵיין רְשׁוּת (עֶרְלוֹיבְּנִישׁ) גֶעהַאט פוּן הִימֶעל . אָבֶּער יֶעצְט אַז אִיךְ מוּז מִיךְ שֵׁיידֶען פוּן אַייךְ , קָאן אִיךְ נִיט קוּמֶען אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט אֵיידֶער אִיךְ וֶועל מִיט אַייךְ לֶערְנֶען .

— אליעזר מַיין זָאהן ! — הָאט רבי שמעוֹן גֶעזָאגְט — דוּא וֶועסְט אִיבֶּערְחָזְרִין מַיינֶע רֵייד אוּנ רבי אבא זָאל זַייא פַארְ-

שרייבען (הייליגע בעט)

שרייבּען צום אַנדיינקען.

וויא רבי שמעון האט אָנגעפאנגען צו ענטדעקען דיא סודות, האט ער געגעבּען אַנגעשריא „בּרוּךְ הבּא"!

דיא חברים האבּען זיך אומגעקוקט פון אַלע זייטען, זייא האבּען קיינעם גיט געזעהען.

— איהר זעהט ניט? — האט רבי שמעון געפרעגט — אָט איז צו מיר געקומען רב המנונא סבא מיט זיבּעציג צדיקים, זייא טראגען קרוינען אויף זייערע קעפּ. אונ זייערע פּנים'ער שיינען שטאַרקער וויא דיא ליכטיגע זונן.

— בּרוּך הבּא! — האט רבי שמעון נאָך אַמאָל געזאָגט, מיין שוועהר רבי פנחס בּן יאיר איז געקומען. שטעלט איהם אַשטוהל צו זיצען.

דיא חברים האבּען זיך דערשראָקען אונ זייא האבּען גע-שטעלט אַשטוהל וויא רבי שמעון האט זייא בּעפוילען. אונ זייא האבּען זיך געשטעלט אין אַזייט פון דעם חדר. נור רבי אליעזר אונ רבי אבא זיינען בּייא איהם געבּליבּען שטיין.

— איך בּין אַלע מאָל געוועזען בּאַהעפט צו גאָט — האט רבי שמעון געזאָגט — דאַרום איז גאָט צו מיר בּאַהעפט, אָט יעצט איז גאָט בּרוּך הוּא וּבָרוּךְ שמו געקומען צו מיר, ער האט מיטגענומען פיל הייליגע מלאכים אונ צדיקים, זייא ווילען הערען פון מיר סודות אין דער תורה. דאַרום וועל איך עפענען מיין מויל אונ איך וועל מגלה זיין אַזעלכע סודות וואס בּיז היינט האבּ איך זייא ניט געוואָלט מגלה זיין פאַר מיינע חברים.

אַ גאַנצע שטונדע האט רבי שמעון גערעדט. ער האט ערקלעהרט דיא סודות וואס ליגען בּעהאַלטען אין דער מצוה פון שלש סעודות וואס יעדער איד איז מחויב צו עסען יעדען שבּת.

— דיא מצוה זאָל מיר בּייא שטיין — האט רבי שמעון גע-זאָגט — וואס איך האבּ קיין מאָל ניט מבטל געוועזן צו עסען

שַׁבָּת שָׁלֹש סְעוּדוֹת, אוּנ דַארוּם הָאט מִיךְ גָאט אוֹיסְגְעהִיט אִיךְ זָאל נִיט דַארְפֶען קַיין מָאל פַאסְטֶען אוּם שַׁבָּת.

נָאכְדֶעם הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן מְגַלֶּה גְעוֶועֶן דֶעם סוֹד אוֹיף וָואס הִימֶעל אוּנ עֶרְד הֵיינְגֶען, אוֹיךְ דָאס לֶעבֶּען פוּן אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע בַּאשֶׁעפֶענִישׁ, אוּנ מִיט וָועלְכֶען שֵׁם גָאט הָאט דֶעם גְרוּנְד גֶעשְׁטֶעלְט. אוֹיךְ הָאט עֶר עַנְטְדֶעקְט דֶעם סוֹד פוּן קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים אוֹיבֶּען אִין הִימֶעל. וָואס דָארְט אִיז דֶער אַייבִּיגֶער לֶעבֶּען.

וִויא עֶר הָאט אוֹיסְגֶערֶעדְט דֶעם וָוארְט „לֶעבֶּען" אִיז עֶר שְׁטִיל גְעוָוארֶען. עֶר הָאט מֶעהר נִיט גְערֶעדְט.

רַבִּי אַבָּא הָאט גְעוָואלְט זַיינֶע רֵייד פַארְשְׁרַייבֶּען, אָבֶּער עֶר הָאט מֶעהר נִיט גְעהֶערְט פוּן אִיהם קַיין וָוארְט, אוּנ רַבִּי אַבָּא הָאט זַיין קָאפּ נִיט גֶעקָאנְט אוֹיפְהֵייבֶּען מַחֲמַת דִיא גְרוֹיסֶע לִיכְטִיגְקֵייט וָואס דָארְטֶען אִיז גְעוֶועֶן.

דִיא חֲכָמִים וָואס זַיינֶען דָארְט גְעוֶועֶן זַיינֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. זַייא הָאבֶּען דֶעם גַאנְצֶען טָאג גֶעוויינְט, גֶע-כְלָאגְט גֶעטְרוֹיעֶרְט.

נָאכְדֶעם אִיז דָאס לִיכְטִיגְקֵייט פוּן דָארְט פַארְשְׁווּאוּנְדֶען גְעוָוארֶען. הָאבֶּען זַייא גְעזֶעהֶען דָאס רַבִּי שִׁמְעוֹן דֶער הֵיילִיגֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן אִיז גֶעלֶעגֶען אִין זַיין מַאנְטֶעל אַיינְגֶעהִילְט, אוּנ זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַשְׁטִימֶע פוּן אוֹיבֶּען וָואס הָאט גֶערֶעדְט: אוּנ בַּאלְד נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁטִימֶע הָאבֶּען זַייא גֶעהֶערְט אַצְוֵוייטֶע שְׁטִימֶע וָואס הָאט גֶעזָאגְט אַזֶעלְכֶע וָוערְטֶער וָואס זַייא הָאבֶּען נִיט פַארְשְׁטַאנֶען דֵייטְלִיךְ. זַייא הָאבֶּען נוּר גְעוואוּסְט אַז דָאס רֶעדְט אַ בַּת-קוֹל פוּן אוֹיבֶּען.

אַיידֶער דָאס פַייעֶר אִיז פוּן דָארְט צַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעקָאנְט צוּגֵיין נָאהֶענְט צוּם בֶּעט זֶעהֶען וָואס עֶר מַהוּט. נָאכְדֶעם הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען וִויא עֶר לִיגְט אוֹיף זַיין רֶעכְטֶער זַייט, אוּנ זַיין פָּנִים הָאט גֶעשַׁיינְט אוּנ גֶעלַייכְט.

רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען נָאהֶענְט גֶעבֶּען אִיהם. עֶר

הָאט אִיהם גֶעקוּשְׁט זַיינֶע הֶענְד אוּנ רַבִּי אַבָּא הָאט גֶעקוּשְׁט דִיא עֶרְד אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס. אוּנ דִיא חֲבֵרִים הָאבֶּען גֶעוויינְט אַז זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט ריידֶען פוּן גְרוֹיס גֶעוויין. אוּנ רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין פָּנִים אוּנ עֶר הָאט אַלַאנְגֶע צַייט נִיט גֶעקָאנְט ריידֶען. נוּר לְסוֹף הָאט עֶר אָנְגֶעפַאנְגֶען שְׁרַייעֶן: מַיין פָאטֶער, מַיין לִיבֶּער גֶעטְרַייעֶר גוּטֶער פָאטֶער, אִיךְ אוּנ אוּנְזֶערֶע חֲבֵרִים וֶועלֶען דִיר קֵיין מָאל נִיט פַארְגֶעסֶען.

ווִיא זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט זַיין בֶּעט אַרוֹיסְטְרָאגֶען כְּדֵי אִיהם אַוֶועקְצוּפִיהרֶען * "קֶבֶר יִשְׂרָאֵל" אַזוֹיא אִיז אִין חֶדֶר גֶע-וָוארֶען אַ רֵיחַ ווִיא אִין גַן עֵדֶן, אוּנ קֵיינֶער הָאט צוּם בֶּעט נִיט גֶעקָאנְט צוּטְרֶעטֶען, נוּר זַיין זָאהְן אוּנ רַבִּי אַבָּא.

פִּיל מֶענְשֶׁען זַיינֶע גֶעקוּמֶען בֶּעטֶען זַיין קֶערְפֶּער זַייא הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט לֵייגֶען אִין זַייעֶרֶע הַיילֶען (אִין יֶענֶער צַייט הָאט יֶעדֶער פַאמִילְיֶע גֶעהַאט אִיהר בֶּעזוּנְדֶערֶע הַייל אַוֶועקְצוּלֵייגֶען דִיא גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע פוּן אִיהר פַאמִילְיֶע) נוּר רַבִּי אֱלִיעֶזֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט. וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע הַייל פַאר זַיין פָאטֶער.

ווִיא זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט דִיא בֶּעט אַרוֹיסְטְרָאגֶען, אִין זַיין הַייל, הָאט זִיךְ דִיא בֶּעט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אִין דֶער לוּפְט אוּנ זִיא אִיז גֶעפְלוֹיגֶען! אוּנ אַ גְרוֹיסֶער פַייעֶר וָואס הָאט גֶעבְּרֶענְט מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען פְלַאם אִיז גֶעפְלוֹיגֶען פַאר דִיא בֶּעט, אוּנ אַ הוֹיכֶער קוֹל הָאט גֶערוּפֶען: גֵייט אוּנ זַאמְעלְט אַייךְ אַיין אוּנ הֶערְט צוּ אוּנ זֶעהט דִיא גְרוֹיסֶע פְרֵייד פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי, עֶר זָאל קוּמֶען מִיט שָׁלוֹם אוּנ עֶר זָאל רוּהֶען אוֹיף זַיין גֶעלֶעגֶער.

ווִיא זַייא זַיינֶען אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין הַייל הָאט ווִידֶער אַ שְׁטִימֶע אוֹיסְגֶערוּפֶען. דֶער הַיילִיגֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי הָאט גֶעמַאכְט צִיטֶערְן הִימֶעל אוּנ עֶרְד, אוֹיךְ קֶענִיגֶע אוּנ הֶערְרִין וֶוערֶען פוּן זַיינֶעט וֶועגֶען דֶעם טָאג נִיט גֶעדַאכְט, אַךְ ווִיא

(הייליגע בעט)

גְרוֹים אִיז זַיין סלֶק. וָואס פַאר אַ גוּטֶעס אִיז פַאר אִיהם אָנְגֶע־
בְּרֵייט, עֶר וָועט זוֹכֶה זַיין אוֹיפְצוּשְׁטֵיין אִין דֶעם טָאג פוּן
תְּחִיַּת הַמֵּתִים!

# ב.

נָאךְ זַיין טוֹיט אִין אַצַיִים אַרוּם אַז רבי אליעזר אִיז שׁוֹין
אוֹיךְ גֶעוָועזֶען אוֹיף דִיא אֶמֶתֶע וָועלְט, הָאט רבי חייא גֶעוָואלְט
לֶערְנֶען אַ סוֹד פוּן דֶער תּוֹרָה, אוּנ רבי יוֹסי אִיז דֶענְסְטְמָאל
גֶעוָועזֶען מִיט אִיהם צוּזַאמֶען.

— אַךְ — הָאט רבי חייא גֶעזָאגְט אוּנ שְׁטַארְק גֶעוַויינְט —
וָואוּ בִּיסְט דוּא רבי שמעון? וָואוּ בִּיסְט דוּא בן יוֹחאי?!
אָךְ עֶרְד! דוּא פַארְפְלוּכְטֶע עֶרְד, וִויא גְרוֹים אִיז דִיא חוּצְפָּה וָואס
בַּייא דִיר אִיז פַּאראַן. דוּא גֶעהַאסְט אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע עַמוּדֵי
עוֹלָם צוּ דִיר אוּנ דוּא לָאזְט זַייא אָךְ! פַארְפוֹילְט וָוערֶען. זַייעֶר
גְרוֹיסֶע לִיכְט וָוערְט אִין דִיר פַארְלָאשֶׁען, אָךְ רבי שמעון, רבי
שמעון, דוּא גְרוֹיסֶע לִיכְט דוּא הָאסְט מִיט דַיין לִיכְטִיגְקֵייט בֶּע־
לַייכְטֶעט דִיא גַאנְצֶע וָועלְט אוּנ יֶעצְט מוּזְט דוּא אִין דֶער עֶרְד
פַארְפוֹילְט וָוערֶען. אָךְ, וִויא שְׁלֶעכְט דִיא עֶרְד אִיז!.
אַ קְלֵיינֶע וַוייְלֶע אִיז רבי חייא גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטִיל. נָאכְדֶעם
הָאט עֶר ווידֶער גֶעזָאגְט: עֶרְד, אָךְ דוּא שְׁלֶעכְטֶע גְרוֹיזַאמֶע
עֶרְד, בֵּייד דִיךְ נִיט אֵיין אַז דָאס לִיכְט וָוערְט אִין דִיר פַאר־
לָאשֶׁען, סס וְשָׁלוֹם! הָאבּ קֵיין טָעוּת נִיט, דוּא זָאלְסְט וִויסֶען
אַז אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע לִיכְט לַייכְטֶען אוֹיף אֵייבִּיג: זַייא קֶענֶען נִיט
פַארְלָאשֶׁען וָוערֶען!
אַ לַאנְגֶע צַייט אִיז רבי חייא גֶעלֶעגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
נָאכְדֶעם אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט פַארְוַויינְטֶע אוֹיגֶען. עֶר הָאט
זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ פַאסְטֶען פֶערְצִיג טֶעג כְּדֵי מֶען זָאל אִיהם
וַוייזֶען וִויא רבי שמעון גֵייט אִין דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע יְשִׁיבָה לֶערְנֶען.

ווִיא רבי חייא הָאט דִיא פֶערְצִיג טָעג אָבְּגֶעפַאסְט, הָאט עֶר נָאךְ דֶעם גֶעזֶעהְן אִין חָלוֹם ווִיא אַ פָאהרְגֶעהמֶער מַאן הָאט צוּא אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא קָאנְסְט נִיט זֶעהן ווִיא רבי שמעוֹן גַייט אִין דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע יְשִׁיבָה לֶערְנֶען.

מִיט דֶעם עֶנְטְפֶער אִיז רבי חייא גֶעוֶוען נִיט צוּא פְרִידֶען, עֶר הָאט גֶעפַאסְט נָאךְ פֶערְצִיג טָעג אוּנ הָאט זֵייעֶר פִיל גֶע-בֶּעטֶען בַּייא גָאט ווֶעגֶען דֶעם, עֶר זָאל אִיהם ווַייזֶען ווִיא רבי שמעוֹן גַייט צוּא דֶער יְשִׁיבָה שֶׁל מַעְלָה.

עֶנְדֶע דִיא צְווֵייטֶע פֶערְצִיג טָעג פוּן פַאסְטֶען, הָאט עֶר גֶעהַאט דִיא זְכִיָה צוּא זֶעהן ווִיא רבי שמעוֹן מִיט זַיין זוּהן אליעזר לֶערְנֶען דָאס זֶעלְבִּיגֶע וָואס רבי חייא הָאט דָאס נִיט פַארְשְׁטַאנֶען, אוּנ יֶעצְט הָאט עֶר פוּן זַייא גֶעהֶערְט דֶעם אֱמֶת גְרוֹיסֶען סוֹד וָואס לִיגְט טִיעף בֶּעהַאלְטֶען אִין יֶענֶע ווֶערְטֶער, אוֹיךְ הָאט עֶר גֶעזֶעהְן דָאס טוֹיזֶענְדֶע צדיקים זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אַרוּם זַייא אוּנ הָאבֶּען גֶעהֶערְט זַייעֶרֶע תּוֹרָה מִיט דִיא סוֹדוֹת.

ווִיא רבי חייא הָאט דָאס גֶעזֶעהְן אוּנ גֶעהֶערְט, זַיינֶען גֶעקוּמֶען פִיל מַלְאָכִים צוּא פְלִיהֶען, זַייא הָאבֶּען רבי שמעוֹן מִיט זַיין זוּהן גֶענוּמֶען אוֹיף זַייעֶרֶע פְלִיגֶלֶען אוּנ הָאבֶּען זַייא גֶעטְרָאגֶען צוּא דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער יְשִׁיבָה וָואס אִיז אִין דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גַן עֵדֶן.

רבי חייא הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעוואוּנְדֶערְט צוּא זֶעהן ווִיא דִיא מַלְאָכִים הָאבֶּען זַייא גְרוֹיס כָּבוֹד גֶעגֶעבֶּען.

אִין יֶענֶער צַייט הָאט רבי שמעוֹן גֶעשַׁיינְט אַזוֹיא שְׁטַארְק, פִיל שֶׁענֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער ווִיא דִיא לִיבְּשִׁינֶע זוּהן אוּם תַּמּוּז זַיין פָּנִים הָאט גֶעבְּרֶענְט ווִיא אַ פַייעֶר.

— עֶרְלוֹיבְּט אִיהר הַיילִיגֶע מַלְאָכִים — הָאט רבי שמעוֹן גֶעזָאגְט — דָאס רבי חייא זָאל קוּמֶען נֶעהֶנְטֶער צוּא אוּנְז, אוּנ לָאזְט אִיהם זֶעהן ווִיא גָאט בָּרוּךְ הוּא פְרֵיידְט זִיךְ מִיט דִיא

דיא צדיקים און וויא וואזיל און נוט איז דעם מענשען וואס איז זוכה אהער צוא קומען, און צוא שטיין, צוא ווישען דיא פייערדיגע ניילען.

רבי חייא האט געזעהן וויא רבי אליעזר שטייט צוא ווישען פייערדיגע ניילען און פיל צדיקים זיינען גיט ווייט פון איהם, האט זיך רבי חייא געשטעלט צוא פוסען פון רבי שמעון׳ען.

— סאך צוא דיינע אויגען — האט רבי חייא געהערט א שטימע האט צוא איהם גערעדט און הייב דיין קאפ ניט אויף ביז דוא וועסט האבען ערלויבעניש דער צוא.

רבי חייא האט אזויא געטאן, ער האט איינגעבויגען זיין קאפ און ער האט פארמאכט זיינע אויגען.

פלוצלונג איז איהם פארבייא געגאנגען א גרויסער הייליגער פייער, עס האט אזויא שטארק געברענט אז ער האט דורך געשיינט דיא הייטעל פון דיא פארמאכטע אויגען, דיא שיין איז געווען טויזענד מאהל מעהר וויא דיא זוהן אין מיטען זומער.

אין א ווייל ארום האט רבי חייא געהערט א קול וואס האט אבגעהילכט אלע זיעבען הימלען.

— איהר הייליגע צדיקים האט דער קול געזאגט — איהר פארבאנגענע גרויסע חסידים, דיא לעבעדיגע מענשען זעהען איך גיט, אבער איהר זעהט זייא יא, איהר האלט אלע מאל אפען אייערע אויגען איהר שלאפט ניט, איהר שוועבט ארום אויף אלע וועלטען. יעדער פון אייך האט דרייא הונדערט מיט צעהן וועלטען, דיא וועלטען האט גאט בעשאפען פאר דיא וואס דינען איהם מיט'ן גאנצען הארצען, אט יעצט קוקט אראפ אויף דיא אונטערשטע וועלט און זעהט וויא דיא מענשען שלאפען, זייא מיינען אז זייא וועלען לעבען עביג, זייא פארגעסען זיך אז דער לעבען איז קורץ, זייא ווילען גאר ניט דיינקען פון עולם הבא. זייא ווילען נור פעטט מאכען זייער גוף, (הייליגע בעט)

פאר

פאר דער נשמה, זארגען זייא גאר ניט, דעם גאנצען לעבען פארברייננגען זייא אין הבל הבלים... אך וויא שלעכט זייא וועט זיין ווען זייא וועלען קומען אויף דעם אמת׳ן עולם מיט ליידיגע הענד אהן תורה אהן מצות.

— אבער דיא לעבעדיגע מענשען זיינען גאר אין גאנצען ניט שולדיג — האט רבי חייא געזאגט וויא א מליץ יושר — זייא האבען א גרויסען יצר הרע וואס ער ווערט מיט זייא א נאכבאר, א גוטער פריינד וויא זייא קומען אויף דער ווינדיגער וועלט, ער לאזט זייא איין טריט ניט גיין אליין, ער רעדט זייא אן צו זינדיגען.

— דארפען זייא דעם יצר הרע ניט פאלגען — האט דער קול געזאגט — וועלען זייא דער פאר האבען עולם הבא.

— עס איז א צווא שווערער געשעפט — האט רבי חייא געענטפערט — דאס איז כמעט דיא שווערסטע זאך אויף דער וועלט צווא האלטען מלחמה מיט דעם יצר הרע און איהם מנצח זיין, אט זעהט, עס האבען א מאל געגידערט מלאכים פון הימעל אויף דער ערד, האבען זייא אויך געזינדיגט...

— הער אוים רבי חייא — האט דער קול געזאגט — גייא צווא יענע וואס ליגען אין זייערע לעבער און שלאפען וועק זייא אויף פון זייער טיפען זיסען שלאף, זאלען זייא מאכען פון פינסטער ליכטיג, דאס הייסט זייא זאלען לערנען תורה און טאן תשובה, זייא זאלען פון ביטער מאכען זיס, ד. ה. ווען זייא וועלען תשובה טאן וועט ווערען פון זייערע חטאים, מצות, און אזויא וואויל וועט זייא זיין ווען זייא וועלען זיך מאטערין צווא לערנען תורה און טאן מעשים טובים, דער מיט וועלען זייא זוכה זיין זיך צווא פרייען מיט אלע צדיקים; אבער דער וואס דיינקט ניט אהן דיא פרייד, און ער וועט קומען אהער אהן תורה און אהן מעשים טובים, יענער וועט ניט זוכה זיין צווא זעהן דיא גרויסע פרייד.

א היפשע

(היילינע בעט)

א היפשע צייט איז רבי חייא געשטאנען דעם קאפ צראפנעלאזען, דיא אויגען פארמאכט, דאס האט געדויערט ביז דער קול האט אויפגעהערט צוא ריידען, נאכדעם האט ער געהאט דאס רעכט אויפצוהייבען זיין קאפ און צו עפענען זיינע אויגען, ער האט געזעהן דאס צוא ווישען דיא פייערדינגע זיילען וואו רבי אליעזר איז געשטאנען זיינען פיל פערשיידענע צדיקים געקומען צוא שוועבען, איין טייל פון זייא האט רבי אליעזר מיט גענומען מיט זיך ער האט זייא געפיהרט צוא דער ישיבה של מעלה, און איין טייל פון זייא זיינען געפיהרט גע-ווארען צוא דער ישיבה של מטה, יעדען נאך זיין מדרגה.

פיל וואונדערליכע זאכען האט רבי חייא געזעהן וואס א מויל קאן דאס גאר ניט ערציילען.

דעם גרעסטען וואונדער וואס רבי חייא האט געזעהן שטייענדיג בייא רבי שמעון איז געוועזען דאס: עס איז געקומען צוא פליהען דער גרעסטער מלאך און האט געשוואורען דאס ער שטייט יעצט הינטער דעם פארהאנג וואס גאט האט בעשאפען פאר א מחיצה צוא ווישען איהר און דיא מלאכים, זייא זאלען איהם ניט קאנען זעהן.

— וואס האסט דוא געהערט נייעס? — האט רבי שמעון געפרעגט — ערצייל אויב דוא ווייסט.

— איך און יענע מלאכים — האט דער מלאך גע-ענטפערט — האבען געהערט וויא גאט ברוך הוא האט געדאכט אהן דעם אידישען גלות, און צוא דער זעלבינער צייט האט השם יתברך געטראסען דורך דרייא הונדערט און ניינציג הימלען, זיי האבען פון גרויס שרעק געציטערט, וואס די אידען זיינען געווארען פארוואגעלט, און השם יתברך געדיינקט אלע מאג אהן זיין פאלק ישראל, ער וויל אונז אין גיכען ערלייזען פון אלע צרות.

-- ווארום זאגסט דוא „אונז" און ניט „זייא"? — האט

רבי שמעון גענטפערט — איהר מלאכים האט דאך קיין צרות ניט וואס ברויכט איהר א ערלייזונג?

— ווען דיא אידען איז שלעכט — האט דער מלאך גע-ענטפערט — איז אונז מלאכים אויך ניט גוט מיר קאנען ניט זעהן דיא צרות וואס דיא אידען ליידען געבעך, איך ווייס דאס אויף דיא נידעריגע וועלט, אויף דעם עולם השפל זיינען פאראן מענשען וואס האבען פארגעניגען צוא זעהן ווען איינעם איז שלעכט, זיין סאטערען זיך איז פאר יענע א גרויסער נחת רוח, אונ ווען זייא קענען, דריקען זייא איהם צוא נאך מעהר ביז ער קאן מעהר ניט ערטראגען זיינע צרות, אונ מוז אוועק גיין פון יענע פאלשע וועלטעל אהן א צייט.

— געהערט האב איך דער פון — האט רבי שמעון גע-זאגט — נור איך האב דאס קיין מאל ניט געגלויבט, יעצט אז איך הער דאס פון דיר, גרויסער מלאך, וואלט איך וועלען וויסען דיא סבה (אורזאכע) דער פון, זיינען דיא לעבעדיגע מענשען אזויא שטארק פארדארבען, אדער דער נויטה ברייננט זייא צוא מאן אזעלכע שרעקליכע אונרעכט!

— ביידע צוזאמען — האט דער מלאך געענטפערט — דער מענש ווערט געבארען מיט א גרויסען יצר הרע, ער האלט זיינע הענד פאר קוועצט, דער מיט ווייזט ער אז ער וויל צוא נעהמען אלס וואס געפינט זיך אויף דער וועלט, וויפיל ער האט איז איהם ווייניג, ער וויל האבען מעהר אונ מעהר, ער ארבייט מיט אלע זיינע קרעפטען אריינצוחאפען וואס ער קאן, דיא תאוות פון ניט צופרידען זיין" מיט דאס וואס ער האט, פאר בלענדעט איהם דיא אויגען, עס פארשטאפט איהם דאס הערץ, עס קעהרט זיך איהם איבער דער מוח, ער קלעהרט פאלשע געדאנקען, עס דוכט זיך איהם דאס יענער שטייט איהם אין וועג, צוא ליב יענעם קאן ער ניט בעקומען דיא זאכען וואס ער ווינשט, איהם חלום'ט זיך דאס

יֶענֶער פַארְחַאפְּט דיא „גוּטֶעס" וָואס גֶעהֶערְט צוּא אִיהם, דַארוּם וָוערְט עֶר יֶענֶעם אַ גְרוֹיסֶער שׂוֹנֵא, נוּר אַזוֹיא וִויא עֶר הָאט קֵיין קְרֶעפְטֶען נִיט יֶענֶעם צוּא טָאן שְׁלֶעכְטֶעס, עֶר קָאן יֶענֶעם נִיט אָבְּרַאמֶען פוּן דֶער וֶועלְט, וֶוערְט עֶר אִיהם אַ בְּלוּט פַיינְד, אִיז עוֹין קֵיין וואוּנְדֶער נִיט צוּא זֶעהן וִויא עֶר אִיז לוּסְטִיג וֶוען יֶענֶעם טְרֶעפְט אַ צָרָה, עֶר פַאלְט אַבֵּיין אִין אַנְ'אוּנְגְלִיק.

— זָאג מִיר גוּטֶער מַלְאָךְ — הָאט רבּי שמעון גֶעפְרֶעגְט — וָואס קָאן וֶוערֶען פוּן דִיא אִידֶען אִין אַזַא שְׁלֶעכְטֶע צַייט? וֶוען וֶועט זַייא גָאט בֶּעפְרַייֶען פוּן זַייעֶרֶע אֵיינֶענֶע אוּנ פְרֶעמְדֶע שׂוֹנְאִים? וֶוען וֶועט קוּמֶען זַייעֶר יְשׁוּעָה.

— יֶעדֶען טָאג קָאנֶען זַייא גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען — הָאט דֶער מַלְאָךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט — עֶס וֶועט זִיךְ אָהן זַייא אַלַיין, קֵיינֶער וֶועט זַייא נִיט הֶעלְפֶען אֵיידֶער זַייא וֶועלֶען וֶוערֶען פַייהִיג דֶער צוּא.

— וָואס זַיינֶען דִיא הוֹיפְּט זַאכֶען וָואס זַייא הַאלְטֶען אָפּ דִיא גְאוּלָה? — הָאט רבּי שמעון גֶעפְרֶעגְט.

— דִיא גְרֶעסְטֶע זִינְד זַייעֶרֶע — הָאט דֶער מַלְאָךְ גֶע-עֶנְטְפֶערְט — אִיז שִׂנְאַת חִנָם (אוּמְזָאנְסְטִיגֶע פַיינְדְשַׁאפְט) אוּנ קַנְאָה, וֶוען אֵיינֶער זֶעהט דָאס יֶענֶער הָאט בְּרוֹיט בְּשֶׁפַע פַאר-דִינְטֶע, פַאר גִינְט עֶר אִיהם נִיט, יֶענֶער וָואס הָאט זִיךְ דֶער פוּן דֶער וואוּקְסְט וֶוערְט עֶר אִיהם אוֹיךְ אַ שׂוֹנֵא, אוּנ דִיא שִׂנְאָה וֶוערְט בַּייא זַייא אַלֶע טָאג שְׁטַארְקֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער אוּנ דִיא שִׂנְאָה טוּט אָפְּטְמָאל אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע מַעֲשִׂים וָואס זַייא בֵּיידֶע וֶוערֶען אוּנְגְלִיקְלִיךְ, אוּנ דִיא נַארֶעשֶׁע קַנְאָה טוּט אוֹיךְ אָהן גְרוֹיסֶע צָרוֹת. . . אוּנ דַארוּם וֶוערְט דִיא גְאוּלָה אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען.

וִויא דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט רֵיידֶען, אִיז עֶר אַוֶועק גֶעפְלוֹיגֶען, רבּי חייא הָאט בֶּעוואוּנְדֶערְט זַיין גְרוֹיס, הוֹיךְ אוּנ בְּרֵייט, אַזַא בַּאשֶׁעפֶענִעשׁ הָאט עֶר קֵיין מָאל אוֹיף זַיין לֶעבֶען נִיט גֶעזֶעהן.

## ג.

רבּי חייא איז נאָך אַלץ געשטאַנען בּייא דיא פיס פון רבּי שמעון בן יוחאי, ער האט פּלוצלונג דער הערט וויא א הויכער קול האט גערופען „פּנו מקום"! געשווינד רוימט אויף אַנ'אָרט, דען דער מלך המשיח קומט, ער וויל היינט זיצען אין דער ישיבה פון רבּי שמעון בן יוחאי.

— וואס בעדייטעט דאס? — האט רבּי חייא געפרעגט — ווארום קומט דער מלך המשיח צוא איך רבּי שמעון?

— דער מלך המשיח — האט רבּי שמעון געענטפערט — גייט אַלע טאג פון איין ישיבה צוא דער אַנדער ישיבה, דען אין הימעל זיינען פאַראַן פיל גרויסע ישיבות, אונ גרויסע ראשי ישיבות, וואס האבען פיל תּלמידים וואס קומען צוא זייא לערנען.

— איז דער מלך המשיח קלענער פאר איך אין לערנען? — האט רבּי חייא געפרעגט.

— ער האט ליעב ארום צוא גיין אין דיא ישיבות — האט רבּי שמעון געענטפערט — הערען דיא נייע תּורה וואס יעדער ראש ישיבה איז מחדש.

— איך פאר שטייא ניט — האט רבּי חייא געפרעגט — דיא געשטארבענע זיינען דאך פרייא פון אַלע מצות, דארפען זייא דאך פרייא זיין פון לערנען אויך.

— איך וועל דיר מגלה זיין א סוד — האט רבּי שמעון געענטפערט — דיא געשטארבענע צדיקים לערנען צוא ליב דעם צוועק: כּדי זייערע חידושים אין דער תּורה זאל אַראָפּ גיין אויף דעם עולם השפל, אונ דער לעבעדיגער צדיק וואס האט א גרויסען זכות, גייט אין איהר אַריין דיא חידושים וואס דיא געשטארבענע צדיקים זיינען מחדש, אונ דורך דעם בעקומען

(היילי'גע בעט) דיא

דיא געשטארבענע צדיקים פיל שכר (בעלוינונג) פאר דיא חידושים וואס זייא זיינען משפיע אויף דיא לעבעדיגע צדיקים, דארום זאלסט דוא זיך נוט איינהערען דיא תורה וואס איך וועל היינט לערנען אין געגענווארט פון דעם מלך המשיח.

וויא רבי שמעון האט געענדיגט ריידען זיינע ווערטער, האט ער זיך געשטעלט אונ אלע צדיקים וואס זיינען בייא איהם געווען האבען אויך אזויא געטאן, ער האט צוא זייא אזויא געזאגט: ביז דער מלך המשיח וועט קומען, ווילען מיר דער ווייל לערנען תורה, ער האט אנגעפאנגען צוא זאגען זעלטענע סודות.

רבי חייא האט פאר מאכט זיינע אויגען, ווייל ער האט ניט געקאנט קוקען אויף דעם ליכטיגען שטראהל וואס עס האט געשיינט פון רבי שמעון'ס מויל, דער שטראהל האט בעלייכטעט אלע זיעבען הימלען, ביז דעם כסא הכבוד.

דער ווייל איז געקומען דער מלך המשיח, מיט אלע ראשי ישיבות הערען דיא סודות וואס רבי שמעון בן יוחאי איז מגלה.

— רבי! — האט משיח געזאגט — דיין ליכטיגער שטראהל וואס גייט ארויס פון דיין מויל, איז זייער טייער בייא גאט, דוא זאלסט וויסען דאס דיינע סודות התורה בעלייכטען דרייא הונדערט מיט צעהן וועלטען, אונ איטליכער פשט וואס דוא זאגסט, ווערט פאר שפרייט אין זעכס הונדערט מיט דרייצעהן (תרי"ג) ליכט, יעדער ליכט בעלייכטעט א מצוה פון דער תורה, אויך זאלסט דוא וויסען דאס דיין זכות איז זייער גרויס, דוא בינסט זוכה צוא זיין איינער פון דיא דרייא וואס דורך אייער זכות וועלען דיא אידען אויסגעלייזט ווערען פון גלות אדום, דער ערשטער פון דיא דרייא איז דער מלך חזקיה, דער צווייטער איז אחיה השלוני אונ דער דריטער בינסט דוא, צוא ליעב אייערע ישיבות וועט גאט בהמות האבען (הייליגע בעט)

אויף

אויף זיין פֿאָלק ישׂראל, אויך זאָלסט דוא וויסען דאָס דער גרויסער מלאך מטטרון קומט אַלע מאָל צוא זיין ישיבה הערען דיא סודות וואָס דוא בּינסט מגלה.

— דער מלאך מטטרון — האָט רבי שמעון גע-ענטפערט — איז דאָ ניט לאַנג געוועזען בּייא מיר, אונ ער האָט מיר געזאָגט דאָס השם יתברך האָט געשוואָרען דאָס ער וויל בּריינגען דיא גאולה, נור דיא אידען אַליין האַלטען אָפּ, דורך זייערע זינד קענען זייא ניט אויסגעלייזט ווערען, אונ זייא מוזען דורך זייערע זינד ליידען גרויסע צרות בּיז זייא וועלען תשובה טאָן.

דער מלך המשיח האָט אָנגעפאַנגען וויינען אונ שרייען, זיין געשרייא האָט זיך געהערט אין אַלע הימלען, דער גרויסער ים האָט זיך ערשראָקען, ער האָט אָנגעהויבּען שטורמען, וואַרפען הויכע הוואַליעס, דער לויתן האָט אָנגעפאַנגען לויפען אַהין אונ אַהער, דיא גאַנצע ערד וואָלט זיך איבּער געקעהרט ווען ער זאָל נאָך איין געשרייא געבּען. רבי שמעון האָט איהם אַ בּיסעל בּערוהיגט, ער האָט צוא איהם אַזויא געזאָגט: דוא זאָלסט וויסען דאָס אויף דעם עולם השפל זיינען נאָך פאַראַן גרויסע צדיקים וואָס דורך זייער זכות קענען דיא אידען אויסגעלייזט ווערען, איינעם פון זייא קאָן איך דיר בּאַלד ווייזען ער שטייט בּייא מיר צוא פוסען, — זיין נאָמען איז רבי חייא.

— וויא אַזויא קומט אַהער אַ לעבּעדיגער מענש? — האָט דער מלך המשיח געפרעגט, — וואָס איז דער יחוס מיט איהם? —

— דער רבי חייא — האָט רבי שמעון געענטפערט —

איז אַ הייליגער מאן, ער איז געקומען צוא מיר הערען סודות התורה, ער פלעגט אַלע מאל בייא מיר לערנען.

— אויב אַזוֹיא — האט דער מלך המשיח געזאגט — זאל ער מיט זיינע קינדער מעגען קומען יעדען טאג אין דיין ישיבה לערנען תורה.

— מיר דארפען זייא בעשטימען אַ געוויסע צייט — האט רבי שמעון געזאגט — ווען זייא זאלען קומען אין מיין ישיבה הערען מיינע סודות התורה.

— „בעשטימען אַ געוויסע צייט״? — האט רבי חייא געפרעגט — איז דען פאראַן אַ צייט וואס אַ איד דארף ניט וועלען לערנען?

— דוא האסט רעכט — האט רבי שמעון געענטפערט — אונ פון דעסט וועגען דארף איך דיר דאך בעשטימען אַ צייט, ווייל דוא בינסט אַ לעבעדיגער מענש מוזסט דוא עסען, טרינקען אונ שלאפען.

דאס אַלעס האט רבי חייא געזעהן אין חלום נאכדעם וויא ער האט געענדיגט פאסטען דעם צווייטען מאל דיא פערציג טעג.

וויא ער האט אויפגעוואכט, האט ער געוויינט אונ ער האט אַזוֹיא געזאגט: וויא גרויס אונ הייליג זיינען דיא צדיקים נאך זייער אַוועק גיין פון דער זינדיגער וועלט אין דיא אמתע וועלט, דארטען שעצט מען זייא פיל מעהר וויא דיא גאנצע צייט פון זייער לעבען, — אַך! — וויא ווערט מען אַ צדיק? —



# אַ מַעֲשֶׂה נוֹרָא:

## וָואס עֶס הָאט גֶעטְרָאפֶען מִיט אַ שְׁלַאנְג.

## א.

רבּי אליעזר דֶער זוהן פוּן רבּי שמעון בּן יוחאי אִיז אַ מָאל מִיט זַיינֶע חֲבֵרִים גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וָועג, דִיא זוהן הָאט גֶעבְּרֶענְט וִויא פַייעֶר, זַייא זַיינֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף אַ פֶעלְד וָואס אִיז גֶעוֶוען בֶּעוַואכְּסֶען מִיט קְרֵייטִיכְער, אַזֶעלְכֶע פְרוּכְטֶען וָואס שְׁמֶעקֶען שְׁטַארְק, אוֹיף אִיז דָארְטֶען גֶעוֶוען בּוֹימֶער וָואס אוֹיף זַייא הָאבֶּען גֶעוַואכְסֶען גוּטֶע פֵּירוֹת, אוּנ דֶער בַּייא זַיינֶען גֶעוֶוען זִיסֶע קְוַואלֶען וַואסֶער.

— אָט דָא אוֹיף דֶעם פֶעלְד — הָאט רבּי אליעזר גֶעזָאגְט — וֶועלֶען מִיר זִיךְ זֶעצֶען אָפְּרוּהֶען.

— דוּא הָאסְט רֶעכְט — הָאבֶּען זַיינֶע חֲבֵרִים גֶע-עֶנְטְפֶערְט — דָא אִיז גוּט מִיר זָאלֶען זִיךְ בֶּעשִׁיצֶען פוּן דִיא גְרוֹיסֶע הִיץ.

זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אוּנְטֶער אַ בּוֹים אוּנ מִיט גְרוֹיס פֶערְגֶענִיגֶען הָאבֶּען זַייא אָנְגֶעפַאנְגֶען לֶערְנֶען תּוֹרָה וִויא זַייעֶר גֶעוואוֹינְהַייט אִיז גֶעוֶוען.

עֶס הָאט נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט, הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶן וִויא אַ גְרוֹיסֶער שְׁטַארְקֶער שְׁלַאנְג לוֹיפְט צוּא זַייא.

— וָואס קָאן דָאס בֶּעדַייטֶען? — הָאבֶּען דִיא חֲבֵרִים גֶעפְרֶעגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן — וִויא קוּמְט אַזַא שְׁלַאנְג צוּא אוּנְז? זָאל זִיא וֶועלֶען אוּנְז מַזִיק זַיין?

— שְׁרֶעקְט אַייךְ נִיט — הָאט רבּי אליעזר זַייא בֶּערוּהִיגְט —

דיא שְׁלַאנְג לוֹיפְט מִיט אַלֶע קְרֶעפְטֶען אִין אַ שְׁלִיחוּת פוּן גָאט בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ, זִיא הָאט קֵיין כַּוָּנָה אוּנְז סַזִיק צוּא זַיין, זִיא לוֹיפְט אִיהר וֶועג.

— אָבֶער זִיא לוֹיפְט דָאךְ צוּא אוּנְז! — הָאבֶּען דיא חֲבֵרִים גֶעזָאגְט מִיט שְׁרֶעק — דָאס אִיז דָאךְ נִיט אוּמְזָאנְסְט.

— וַוייל דָא אִיז אִיהר גֶעהנְטֶער צוּא קוּמֶען אוֹיף דֶעם אָרְט וואוּ זִיא אִיז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען.

וְוִיא דִיא שְׁלַאנְג אִיז גֶעקוּמֶען נִיט וַוייט פוּן דֶעם אָרְט וואוּ רבי אליעזר מִיט זַיינֶע חֲבֵרִים זַיינֶען גֶעזֶעסֶען אוּנ זִיא זְהָאט זַייא גֶעוָואלְט פַאר בַּייא לוֹיפֶען, הָאט זִיךְ רבי אליעזר אִיפְגֶעהֵייבֶּען פוּן זַיין אָרְט, עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ אַ גֶעשְׁרַייא גֶעגֶעבֶּען צוּא דִיא שְׁלַאנְג: בְּלַייבּ שְׁטֵיין, — לוֹיף נִיט וַוייטֶער, הֶער נָאר אוּים וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען, קְלָאהרֶע וֶוערְטֶער.

דִיא שְׁלַאנְג אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אוּנ הָאט אוֹיף גֶעהֵייבֶּען אִיהר קָאפּ צוּא וַוייזֶען אַז זִיא ווִיל הֶערֶען וָואס רבי אליעזר וֶועט אִיהר זָאגֶען, אוּנ מִיט אִיהרֶע אוֹיגֶען הָאט זִיא אוֹיף אִיהם גֶעקוּקְט וְוִיא זִיא וָואלְט אִיהם זָאגֶען דָאס זִיא הָאט קֵיין פִיל צַייט צוּא וַוארְטֶען.

— שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁלַאנְג! — הָאט רבי אליעזר גֶעזָאגְט — קֶעהר זִיךְ צוּא רִיק אַ הֵיים פוּן וַואנֶען דוּא בִּינְסְט גֶעקוּמֶען.

— אִיךְ בִּין גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פוּן גָאט — הָאט דִיא שְׁלַאנְג גֶעעֶנְטְפֶערְט — וְוִיא אַזוֹיא קָאן אִיךְ דִיר פָאלְגֶען?

— אִיךְ וַויים וואוּ דוּא לוֹיפְסְט — הָאט רבי אליעזר צוּא אִיהר גֶעזָאגְט — דַארוּם זָאג אִיךְ דִיר אַז דַיין לוֹיפֶען אִיז אוּם זָאנְסְט, דוּא זָאלְסְט וִויסֶען אַז דֶער מֶענְשׁ צוּא וֶועמֶען דוּא לוֹיפְסְט טֵייטֶען, הָאט תְּשׁוּבָה גֶעטָאן, דוּא הָאסְט יֶעצְט קֵיין רְשׁוּת אִיהם אוּם צוּא בְּרֵיינְגֶען.

— וָואס רָעדְסְט דוּא מִיט דִיא שְׁלַאנְג ? — הָאט רבי אבא אִיהם גֶעפְרָעגְט — אִיךְ וִויל דָאס וִויסֶען.

— שְׁוַויְיג, פְרֶעג נִיט — הָאט רבי אליעזר גֶעעֶנְטְפֶערְט — בִּיז אִיךְ וָועל עֶנְדִיגֶען בֵּייְדֶען מִיט דִיא שְׁלַאנְג.

— אִיךְ זָאג דִיר שְׁלַאנְג — הָאט רבי אליעזר גֶעזָאגְט — אַז דוּא זָאלְסְט גֵיין צוּא רִיק, דֶען יָענֶער מֶענְשׁ הָאט תְּשׁוּבָה גֶעטָאן, דוּא דַארְפְסְט אִיהם קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טָאן.

— וֶוען הָאט עֶר צַייט גֶעהַאט תְּשׁוּבָה צוּא טָאן ? — הָאט דִיא שְׁלַאנְג גֶעפְרָעגְט — עֶס אִיז גִישְׁט מֶעהר ווִיא אֵיין מִינוּט וְוִיא הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט צוּא אִיהם אִיךְ זָאל אִיהם בַּייסֶען בִּיז טוֹיט.

— אָט אִין דֶער אֵיין מִינוּט — הָאט רבי אליעזר גֶעעֶנְטְפֶערְט — הָאט יָענֶער מֶענְשׁ אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶוען צוּא טָאן תְּשׁוּבָה, עֶר הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אִין זַיין הֶערְצֶען דָאס עֶר וִויל „פְּרוּפ" וָוערֶען אוּנ מֶעהר קֵיין מָאל נִיט זִינְדִיגֶען, דַארוּם קָאנְסְט דוּא אִיהם קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טָאן, עֶר מוּז בְּלַייבֶּען לֶעבֶּען.

דִיא שְׁלַאנְג אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אוֹיף אֵיין אָרְט, זִיא אִיז נִיט גֶעלָאפֶען וַוייטֶער אוּנ זִיא הָאט זִיךְ נִיט אוּם גֶעקֶעהְרְט צוּא רִיק.

רבי אליעזר הָאט גוּט פַארְשְׁטַאנֶען וָוארוּם דִיא שְׁלַאנְג אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אוֹיף אֵיין אָרְט, עֶר הָאט גֶעשְׁוִויגֶען, אוּנ עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ גֶעקוּקְט אוֹיף דִיא שְׁלַאנְג וָואס וָועט זִיא יֶעצְט טָאן.

אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה אִיז דִיא שְׁלַאנְג גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף אֵיין אָרְט שְׁטִיל אוּנ רוּהִיג, נָאכְדֶעם הָאט זִיא אָנְגֶעפַאנְגֶען לוֹיפֶען וַוייטֶער צוּא יֶענֶעם מֶענְשֶׁען אִיהם טֵייטֶען.

— שְׁלַאנְג שְׁטֵיי ! נִיט לוֹיף ! — הָאט רבי אליעזר גֶעזָאגְט — אִיךְ נֶעם דַייעֶר רִיכְטִיג וָואס דוּא וִוילְסְט.

(הײלינע בעט)

— נוּא אַדְרַבָּה — הָאט דיא שְׁלַאנְג גֶעעֶנְטְפֶערְט — זָאג מִיר וָואס וִויל אִיךְ יֶעצְט טָאן ?

— דוּא ווִילְסְט נִיט גֵיין צוּרִיק אִין דַיין הֵייל בִּיז דוּא וָועסְט טָאן דַיין שְׁלִיחוּת, דַארוּם זָאג אִיךְ דִיר: גֵייא אַהֵיים, דָארְטָען נִיט וַוייט פוּן דַיין הֵייל וואוּ דוּא רוּהסְט, לִיגְט אַרוּיבֶּער אוּנ שְׁלָאפְט, אִיהם מֶעגְסְט דוּא בֵּייסֶען וִויפִיל דוּא ווִילְסְט וַוייל עֶר הָאט נִיט לַאנְג בֶּערוּיבְּט אַ אִידֶען, וָועסְט דוּא אִיהם טוֹיטֶען אַנְשְׁטַאט יֶענֶעם וָואס אִיז גֶעוָוארֶען אַ בַּעל תְּשׁוּבָה.

— אִיךְ דַאנְק דִיר גֶעטְלִיכֶער מַאן פַאר דַיין עֵצָה — הָאט דיא שְׁלַאנְג גֶעזָאגְט — אִיךְ וָועל בַּאלְד טָאן וִויא דוּא הָאסְט מִיר גֶעזָאגְט.

וִויא דיא שְׁלַאנְג הָאט גֶעעֶנְדִיגְט רֵיידֶען אִיז זִיא זֵייעֶר שְׁנֶעל גֶעלָאפֶען אוּנ אִיז פַארְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען. זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אָרְט וואוּ רבי אליעזר הָאט אִיהר בֶּעצֵייכֶענְט. זִיא הָאט גֶעפוּנֶען דֶעם גַזְלָן שְׁלָאפֶענְדִיג, הָאט זִיא אִיהם גֶעבִּיסֶען אוּנ אַרַיינְגֶעלָאזֶען אִין אִיהם אִיהרֶע גִיפְט אַזוֹיא טִיף אַז עֶר הָאט פַארְשְׁפָּארְט אוֹיפְצוּשְׁטֵיין.

דיא חֲבֵרִים הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק גֶעווּאוּנְדֶערְט. צוּ זֶעהֶען וִויא רבי אליעזר רֶעדְט מִיט דיא שְׁלַאנְג אוּנ זֵייא פַארְשְׁטֵייעֶן קֵיין וָוארְט, נִיט וָואס עֶר רֶעדְט אוּנ נִיט וָואס דיא שְׁלַאנְג זָאגְט.

— מִיר בֶּעטָען דִיר טְהַייעֶרֶער חָבֵר — הָאבֶּען דיא חֲבֵרִים גֶעזָאגְט — עֶרְקְלֶעהר אוּנְז וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעדְט מִיט דיא שְׁלַאנְג. וָואס פַאר אַגֶעשֶׁעפְט הָאסְט דוּא מִיט אִיהר גֶעמַאכְט אוּנ מִיט וָואס אִיז זִיא פוּן דִיר אַוָועקְגֶעגַאנְגֶען ?

— דיא שְׁלַאנְג — הָאט רבי אליעזר גֶעעֶנְטְפֶערְט — אִיז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פוּן הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ. זִיא זָאל טוֹיטֶען אַ אִידֶען וָואס ווּאוֹינְט נִיט וַוייט פוּן אוּנְז, וַוייל עֶר הָאט זֵייעֶר פִיל גֶעזִינְדִיגְט. אוּנ דוּרךְ זַיינֶע גְרוֹיסֶע חֲטָאִים הָאט עֶר פַארְדִינְט דֶעם טוֹיט. דיא שְׁלַאנְג אִיז פוּן אִיהר אָרְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען טָאן דֶעם

בְּעֶפֶעהל פון גָאט בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ. אֵיידֶער זִיא אִיז גֶע-
קוּמֶען צוּלוֹיפֶען בִּיז אוּנְז הָאט דֶערְוַוייל יֶענֶער זִינְדִיגֶער אִיד
תְּשׁוּבָה גֶעטָאן. עֶר הָאט שְׁטַארְק חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף זַיינֶע עֲבֵירוֹת,
עֶר הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶועֶן אוֹיף זִיךְ מֶעהר נִיט צוּ זִינְדִיגֶען, אוּנ
גָאט בָּרוּךְ הוּא הָאט זַיין תְּפִלָּה צוּ גֶעהֶערְט, דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם
וָואס עֶר, נוּר עֶר אַיינְעֶר ווייסְט דִיא גֶעדַאנְקֶען וָואס אַ מֶענְשׁ
טְרַאכְט, הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס דֶער אִיד הָאט חֲרָטָה אוֹיף זַיינֶע
זִינְד מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען אוּנ עֶר וֶועט נָאךְ אַ מָאל מֶעהר נִיט
זִינְדִיגֶען, הָאט גָאט בַּאלְד צוּרִיסֶען דֶעם גְזַר דִין, אוּנ גָאט הָאט
גֶעשִׁיקְט אַ רוּחַ עֶנְטְגֶעגֶען דֶעם שְׁלַאנְג עֶר זָאל אִיהר זָאגֶען דָאס
גָאט הָאט מוֹחֵל גֶעוֶועֶן דֶעם מֶענְשֶׁען פַאר זַיינֶע חֲטָאִים אוּנ
דֶערְפַאר הָאט זִיא קֵיין רְשׁוּת אִיהם מַזִּיק צוּ זַיין.

— אוֹיב אַזוֹיא — הָאבֶּען דִיא חֲבֵרִים גֶעפְרֶעגְט — צוּ
וָואס הָאסְט דוּא גֶעדַארְפְט מִיט אִיהר אַזוֹיא פִיל רֵייְדֶען?
וויא דֶער רוּחַ הָאט אִיהר גֶעזָאגְט גָאטֶ'ס פֶערְלַאנְג. הָאט
זִיא גֶעבְּרוֹיכְט בַּאלְד גֵיין צוּרִיק, וָואס הָאט זִיא אַזוֹיא לַאנְג
זִיךְ מְיַישֵׁב גֶעוֶועֶן אוּנ גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף אֵיין אָרְט?

— פַארְשְׁטֵייט אִיהר — הָאט רַבִּי אֱלִיעֶזֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט,
דִיא שְׁלַאנְג אִיז נִיט אַ פְּרָאסְטֶע שְׁלַאנְג וויא אִיהר מֵיינְט, זִיא
אִיז אַ גְרוֹיסֶע יַחְסָ'נְטֶע, ווייל זִיא דִינְט בַּייא דֶעם „סַמָּאֵל“ אוּנ
בַּייא דֶעם אַשְׁמְדַאי. דֶערְפַאר הָאט זִיא נִיט גֶעוָואלְט גֵיין צוּרִיק
בִּיז מֶען זָאל אִיהר וָואס אַנְדֶערְשׁ גֶעבֶּען. אִין יֶענֶעם אוֹיגֶענְ-
בְּלִיק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ מִיר דֶער „רוּחַ“ אוּנ עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט
דָאס אַ רָשָׁע אַ גַזְלָן הָאט אִין וַואלְד בֶּערוֹיבְּט אַ אִידֶען. עֶר
הָאט בַּייא אִיהם צוּגֶענוּמֶען פִיל גֶעלְד, דֶערְצוּ הָאט עֶר אִיהם
שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאגֶען, דֶער אִיד אִיז קוֹים מִיט זַיין לֶעבֶּען אַנְטְ-
לָאפֶען, אוּנ דֶער רוֹיבֶּער הָאט זִיךְ אִין וַואלְד גֶעלֵייגְט שְׁלָאפֶען
בָּארוּם זָאל אִיךְ זָאגֶען דִיא שְׁלַאנְג דָאס זִיא זָאל גֵיין צוּ דֶעם
רוֹיבֶּער אִיהם טוֹיטֶען. הָאבּ אִיךְ אַזוֹיא גֶעטָאן. אָט דָאס הָאבּ

(הַיילִיגֶע בֶּעט)

אִיךְ

איך מיט דיא שלאנג געריעדט און זיא האט מיינע בייד געגלויבט און זיא איז געלאפען צו דעם גזלן אין וואלד איהם טויטען. ער זאל זיין דיא כפרה פאר דעם אידען וועלכער האט תשובה געטהאן.

— מיר פארשטייען ניט — האבען דיא חברים געפרעגט — צו וואס דארף דער סמאל און דער אשמדי האבען אזעלכע דינער וויא דעם שלאנג. זיא קאנען דען אליין ניט טאן וואס זייא ווילען און דארפען?

— איך וועל דאס אייך ערקלערען — האט רבי אליעזר געענטפערט — פאר יעדער עבירה קומט איין אנדער שטראף, איינעם קומט סקילה, איינעם שרפה, איינעם הרג און איינעם חנק. דער סמאל און דער אשמדי קאנען א מענשען ניט בע-שטראפען מיט אלערלייא מיתות, דארום האבען זייא שלוחים וואס טהוען אזויא וויא מען פערלאנגט פון זייא... אויף דעם ווינדיגען שיקען זייא א פייער און אויף יענעם ווינדיגען אוואסער אדער א שלאנג.

— אבער צו וואס האט דער רוח געבעטען פון דיר זאגען דיא שלאנג זיא זאל גיין אין וואלד פארגיפטען דעם גזלן? — האבען דיא חברים געפרעגט —

— ווייל איך האב בקבלה פון מיין פאטער רבי שמעון, האט רבי אליעזר געענטפערט — דאס דעם שטן מוז מען עפעס געבען. ווען אין הימעל ווערט אויף א מענשען א גזירה ער זאל שטארבען און דער מענש ווערט איבערגעגעבען צו דעם שטן אין האנד, נור איידער דער שטן טהוט אב זיינע שליחות ווערט יענער מענש פרום און דיא גזירה ווערט בטל, מוז מען דעם שטן עפעס וואס עס איז געבען... דערפאר ווען דער בית המקדש איז געשטאנען אויף זיין ארט, האבען דיא אידען אום יום הכפורים געשיקט א שעיר לעזאזל. דאס הייסט אבאק צום טייוועל, דער כארגאד איז דעגסטמאל געוועזען גרוים. וויא אין

(הייליגע בעט)

אין דער תּוֹרָה שְׁטֵייט גֶעשְׂרִיבֶּען . ווייל פַארְשְׁטָאפֶּען דֶעם שָׂטָן זיין מויל איז זייער וויכְטִיג .

— אונ וָואס מְהוּעֶן מִיר יֶעצְט ? — הָאבֶּען דיא חֲבֵרִים גֶעפְרֶעגְט — מִיט וָואס פַארְשְׁטָאפֶּען מִיר זיין מויל ?

— פון דֶער צֵייט וָואס דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ איז חָרוּב גֶע־ וָוארֶען — הָאט רבּי אליעזר גֶעעֶנְטְפֶערְט — נֶעהמֶען מִיר עֶרֶב יוֹם הַכִּפּוּרִים א הָאן אונ מִיר שְׁלָאגֶען מִיט אִיהם כַּפָּרוֹת . דָאס גֶעבֶּען מִיר א חֵלֶק פַאר דֶעם שָׂטָן *) עֶר זָאל אויף אוּנְז נִיט מְקַטְרֵג זיין , עֶר זָאל מִיט דיא כַּפָּרוֹת פַארְשְׁטָאפֶּען זיין מויל .

דיא חֲבֵרִים הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר אונ זֵייעֶר שְׁטַארְק גֶעוואוּנְדֶערְט אויף דֶעם רבּי אליעזר .

— קוּמְט מִיט מִיר מֵיינֶע חֲבֵרִים — הָאט רבּי אליעזר גֶעזָאגְט — מִיר וֶועלֶען גֵיין זֶעהֶען וָואס הָאט דיא שְׁלַאנְג גֶע־ טָאן דֶעם גַזְלָן .

דיא חֲבֵרִים הָאבֶּען אֵיינְגֶעוִוילִיגְט דֶערְצוּ , זֵייא מִיט רבּי אליעזר'ן זיינֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶעם שְׁפּוּר פון דיא שְׁלַאנְג , ווייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואהִין דיא שְׁלַאנְג איז אַװעקְגֶעלָאפֶּען , זֵייא זיינֶען גֶעקוּמֶען אִין וַואלְד וואו דֶער גַזְלָן איז גֶעלֶעגֶען טוֹיט , זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען פון ווייטֶען וויא דיא שְׁלַאנְג שְׁפְּרִינְגְט אַרוּם אויף דֶעם גַזְלָן פון זיין קָאפּ בִּיז זיינֶע פִּיס . אונ פון זיינֶע פִּיס בִּיז אויף זיין קָאפּ .

דיא חֲבֵרִים הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען צוּ גֵיין ווייטֶער גֶאהֶענְטֶער צוּם

*) אין אוּנְזֶערֶע „מִכְתָּבִים מִשַּׂר שֶׁל יָם" זָאגֶען מִיר אֵיינִיגֶע טְעָמִים פַאר וָואס מִיר אִידֶען שְׁלָאגֶען כַּפָּרוֹת עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר . אונ יֶעצְט וֶועלֶען מִיר זָאגֶען אֵיין אַנְדֶער טַעַם : אַזוֹיא וויא דיא אָרֶעמֶע מֶענְשֶׁען קָאנֶען יוֹם כִּפּוּר נִיט פַארְדִינֶען , בֶּאדַארְפֶען מִיר זֵייא אָבְּ־ גֶעבֶּען דיא כַּפָּרוֹת זֵייא זָאלֶען הָאבֶּען פְלֵייש אָפְּצוּפַאסְטֶען נָאךְ דֶעם לַאנְגֶען תַּעֲנִית .

(הײלינגע בעשט)

צום גזלן, זייא האבען מורא געהאט פאר דיא שלאנג, נור רבי אליעזר האט זיך גאר ניט געשראקען, ער איז צוא גע-גאנגען נעהנטער צום גזלן, זייא האבען מורא געהאט פאר דיא שלאנג, נור רבי אליעזר האט זיך גאר ניט געשראקען, ער איז צוא געגאנגען נאהנט צום גזלן, אונ ער האט געזעהן בייא איהם ליגט א גרויסע בייטעל פול מיט געלד, האט רבי אליעזר צוא גענומען דאס געלד, אונ איז מיט זיינע חברים א וועק געגאנגען.

זייא האבען זיך געזעצט בייא א בוים לערנען.

דער איד וואס דער גזלן האט איהם שטארק געשלאגען אונ צוא גענומען זיין געלד, דער אונגליקליכער מענש איז געגאנגען אונ געוויינט, ער איז געקומען ניט ווייט פון דעם ארט וואו רבי אליעזר מיט זיינע חברים זיינען געזעסען, ער איז געווען פאר מאטערט אונ שטארק ערשראקען, דיא קלעפ וואס ער האט בעקומען פון דעם גזלן האט איהם אבגעשוואכט אז ער האט ווייטער ניט געקאנט גיין, ער האט זיך א נידער געזעצט אונטער א דיקען געדיכטען בוים, כדי זיך א ביסעל אבצורוהען, ער זאל האבען כח ווייטער צוא גיין.

— גרויסער בארעמהערציגער גאט — האט דער אונ-גליקליכער געזאגט אונ שטארק געוויינט — דוא בינסט גערעכט אונ דיין משפט איז ריכטיג, דוא שטארקער באשעפער טוסט קיינעם קיין אונרעכט ניט, געוויס האב איך געגען דיר געזינדיגט, ניט געפאלגט אונ ניט געטאן דיינע מצות וואס דוא האסט אונז מיט דיינע גנאדע געבאטען, ווען ניט וואלט מיר דער אונגליק ניט געטראפען, איך ווייס, ליבער הערר גאט, דאס דיין משפט איז שטארק פארבארגען פון דעם מענשען אזוי וויא דער גרויסער תהום אין ים אונ דיינע גערעכטיגקייט איז וויא דיא גרעססטע העכסטע בערג, אך, גאט! דוא האסט פיל אלוהים צוא בעשטראפען א מענשען פאר זיינע חטאים, יעדען וויא ער האט פאר זינדיגט, אזא באשעפעניש שיקסט

דוא צוא איהם, דער בליץ, דאס פייער... וואזער האגעל אונ זא ווייטער, טוען דיין בעפעהל, געוויס גלויב איך מיט מיין גאנצען הארצען אז איך האב מיין אונגליק כשר פאר דינט, דארום נעהם איך דאס אהן מיט מיין גאנצען הארצען מיט גרויס ליבשאפט, אונ מיט דיא גרעסטע פרייד, גרויסער גאט! דוא ווייסט מיינע אינערליכע געדאנקען, אז איך וויין ניט פאר וואס מיר האט דער שרעקליכער אונגליק געטראפען, וועיל איך וויים דאס דיין היילינגער בית דין האט אויף דעם געוויס מסבים געוועען, דען דעם מענשען קאן קיין אונגליק טרעפען וואו אויף דעם הימעל ווערט פריער ניט אוים גערופען אונ בע־שטימט, וואס מיט דעם מענשען זאל טרעפען, נור איך וויין אויף מיינע שלעכטע מעשים, איך בין אויף מיך זעלבסט אין כעס פאר וואס איך האב דורך מיינע זינד געבבאכט דעם שרעקליכען אונגליק אויף מיך, א, דער אונגליק איז זייער גרויס, מסתמא זיינען מיינע חטאים אויך גרויס, דארום בימע איך דיר, גרויסער גאט, זייא מיר מוחל מיינע עבירות אונ גענוג מיך שטראפען, איך וויל שוין ווערען א פרומער מאן, איך וועל טאן אזויא וויא דוא, בארעמהערציגער גאט, פאר לאנגסט פון יעדען אידען. איך וועל דיר זיין א געטרייער זוהן אונ דוא וועזט מיר דיינע בהשגות וויא אנ'אמתר גוטער בארעמ־הערציגער פאטער.

דער מאן האט דיא ווערטער גערעדט הויך אונ ער האט דער צוא שטארק געוויינט, ער האט געמיינט דאס קיינער הערט ניט זיינע רייד, וועיל ער האט קיינעם ניט געזעהן, ער האט אבער ניט געוואוסט דאס ווענד האבען אויערען אונ פעלדער האבען אויגען מיט אויערין.

— ניט ווייט פון איהם איז געזעסען רבי אליעזר מיט זיינע חברים, זייא האבען געהערט אלעס וואס דער מאן האט גערעדט אונ געוויינט.

— איהר הערט — האט רבי אליעזר געזאגט צוא זיינע

חבֵרים — האָט איהר בּעטראַכט וויא דער מאַן האָט תּשובה געטאָן, מיר דאַרפען גיין צוא איהם, מיר וועלען איהם טרייסטען אונ ערפרייען איהם מיט אַ בּשׂורה טובה וואָס ער וועט זיך מחיה זיין דער מיט, קומט מיט מיר.

רבי אליעזר מיט זיינע חבֵרים זיינען געגאַנגען צוא איהם, וויא זיא זיינען געקומען ניט ווייט פון דעם אונגליקליכען האָבען זייא געזעהן וויא ער זיצט אויף דער ערד אונ ער וויינט זייער שטאַרק, דיא אויגען זיינען געווען רויטה פון וויינען.

וויא ער האָט דער זעהן דיא גרויסע חכמים האָט ער זיך געשטאַרקט, אויפגעהערט צוא וויינען, אונ ער האָט זיך מיט גרוים מיה געשטעלט.

— וואָרום וויינסט דוא אַזויא שטאַרק? — האָט איהם רבי אליעזר געפרעגט — ערצייל אונז ריכטיג וואָס מיט דיר האָט געטראָפען.

— מיט מיר האָט אַ גרויסער אונגליק געטראָפען — האָט דער מענש אָנגעפאַנגען צוא ערציילען, איך בּין היינט גע-גאַנגען אויף דעם וועג, איז פּלוצלונג פון געדיכטען וואַלד אַרויסגעגאַנגען אַ רויבער, מיט אַ האַק אין זיין האַנד, אונ ער האָט אַ געשריא געגעבען: שטייא! גייא ניט ווייטער אויב דוא ווילסט נאָך לעבען.

איך האָב מיך זייער שטאַרק ערשראָקען, איך בּין גע-בּליבען שטיין אויף איין אָרט.

— גיב מיר דיין געלד מיט נוטען — האָט דער גזלן גע-זאָגט — ווען ניט האַק איך דיר אָב דיין קאָפּ.

איך האָב איהם מיין געלד אָבגעגעבען אונ ער האָט מיך אָנגעפאַנגען שלאָגען אונבאַרימליך.

צוא מיין גליק האָבען מיר געהערט וויא מענשען פאָהרען אויף דעם וועג אונ זייא זיינען ניט ווייט פון אונז, האָב איך אָנגעפאַנגען שרייען מיט אַלע מיינע קרעפטען, האָט דער גזלן

צוגענומען דאס געלד אונ ער איז שנעל אנטלאפען אין וואלד, ווען ניט דער גם וואס דיא מענשען זיינען געקומען צוא פאהרען אויף דעם וועג, וואלט ער מיר געהרגת.

— וויא פיעל געלד האט ער ביא דיר צוא גענומען? — האט רבי אליעזר געפרעגט — איך וויל דאס וויסען.

— דרייא טויזענד זהובים (אזא מין מטבע) — האט דער מענש געענטפערט — אונ טרערען האבען זיך געוויזען אין זיינע אויגען.

— אמת — האט רבי אליעזר געזאגט — א מענש גיבט זיך ניט א קלאפ אין פינגער סיידען אין הימעל רופט מען פריער אויס. פון דעסט וועגען זאגען דיא חכמים דאס אלע „וועגען" זיינען בחזקת סכנה אונ אויך זאגען זייא דאס א מענש דארף ניט שטיין אין א סכנה'דיגען ארט, איז דיא פראגע: וואָרום האסט דוא ניט מיט גענומען א מענשען מיט דיר? ווען דוא וואלסט געוועזען מיט נאך איינעם, וואלט איהר געוויס זיך ניט געלאזען א גזלן זאל אייך בערויבען.

— צווייא אנטווארטען האב איך צוא ענטפערען דעם הערין — האט דער מענש געענטפערט — דאס ערשטע דיא געלד איז ניט מיינע, איך בין נישט מעהר וויא א שליח פון דעם גביר פלוני צוא דעם גביר אלמוני, איך נעהם פאר דיא שליחות זייער א קליינעם בעצאהלונג. עס לוינט ניט צו דינגען נאך א מענשען. אונ צווייטען איך גלויב אז אלץ איז דיא בע-שטימונג פון גאט. ווען איך וואלט געגאנגען מיט נאך איינעם, וואלטען אונז בעפאלען פינף רויבער אדער מעהר וואלט אפשר נאך ערגער אונ שלעכטער געוועזען.

רבי אליעזר האט איהם געוואלט פרובירען אויב ער איז ווירקליך א גרויסער ערליכער מאן, האט ער צו איהם געזאגט: איך פארשטייא דיר ניט, ווען דאס געלד איז ניט דיינע, דארפסט דוא דאך ניט אזויא פיל וויינען.

— אדרבה פארקעהרט — האט דער מענש געענטפערט —

(הײלינע בעט)

װען דאס געלד װאלט געװען מײנע אײגענע, װאלט איך געװיס ניט געװײנט, איך װאלט געזאגט: ה׳ נתן וה׳ לקח. דאס הײסט: גאט האט געגעבען און גאט האט צוגענומען. אבער אז דיא געלד איז פרעמדע, בין איך דאך אונגליקליך. דאס ערשטע יענער קאן מיר חלילה חושד זײן אז איך האב דאס געלד צו־גענומען פאר זיך. און צװײטענס װען ער װעט מיר אפילו גלױבען אז א גזלן האט מיך בערױבט און געשלאגען, װעט ער מיך נאך אמאל ניט שיקען אױעקטראגען געלד װאס דער פון לעב איך מיט אפרויא און קינדער אין דער פון שפײז איך מײנע אלטע ארעמע שװאכע עלטערין. דריטענס: דארטען אין בײ נארטעל איז געװען דיא נדן פון א חתן כלה. װיא װעל איך קאנען זיך װײזען פאר זײא?

— גענוג דיר װײנען, גענוג שרײען — האט רבי אליעזר געזאגט — דוא ביסט אפרומער איד. דערפאר האט גאט מיט דיר געטאן א גרױסען נס, דעם בײנארטעל מיט דעם געלד װעסט דוא בעקומען, עס װעט ניט פעהלען קײן פרוטה נור דוא זאג מיר א ריכטיגען סימן.

דער מענש האט איהם געזאגט עטלעכע סימנים װיא דער בײנארטעל האט אױס געזעהען און װעלכע געלד אין איהם איז געלעגען.

רבי אליעזר האט איהם דעם בײנארטעל מיט דעם געלד אפגעגעבען.

דער מענש איז געפאלען אױף זײן פנים צו דער ערד. און ער האט געלױבט און געדאנקט השם יתברך פאר דעם נס װאס ער האט מיט איהם געטאן. נאכדעם האט ער געקושט רבי אליעזרס הענד און פון גרױס שמחה האט ער געװײנט און נאך אמאל נאט געלױבט און געדאנקט.

— אױב דוא װילסט זעהען א נקמה אױף דעם גזלן — האט רבי אליעזר געזאגט — קום מיט אונז.

זײא אלע זײנען אװעקגעגאנגען אין װאלד, דער גזלן איז

גְעֶרֶגְעֶן טוֹיט. אוּנ דִיא שְׁלַאנְג אִיז נָאךְ גְעלֶעגְעֶן אוֹיף דֶעם גַזְלָן. דֶער אִיד הָאט אִיהם דֶערְקָאנְט.

— רבּי! — הָאט דֶער אִיד גְעזָאגְט צוּ רבי אליעזר'ן — אִיךְ גְלוֹיבּ מִיט מַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען דָאס דֶעם גָם הָאט גָאט גְעטָאן צוּ לִיבּ אַייעֶר זְכוּת. אִיךְ הָאבּ אַזַא גְרוֹיסֶען נָס נִיט פַארְדִינְט.

— אִיךְ פַארְשְׁטֵייא — הָאט רבי אליעזר גְעזָאגְט — פַאר וָואס דִיא שְׁלַאנְג וְויל פוּן דֶעם גַזְלָן גִיט אָפְּטְרֶעטֶען וַוייל זִיא הָאט נָאךְ אַ שְׁלִיחוּת צוּ פַארְיכְטֶען, אוּנ עֶר הָאט גְעזָאגְט צוּ דֶעם אִידֶען, גֵייא אוּנ זוּךְ בַּייא דֶעם גַזְלָן דוּא וֶועסְט בַּייא אִיהם גֶעפִינֶען נָאךְ אַ בַּייטֶעל מִיט גֶעלְד, זָאלְסְט דוּ גְעהֶמֶען דִיא בַּייטֶעל אוּנ אַוֶועק טְרָאגֶען אִין שְׁטָאדְט, דָארְט וואוֹינְט אַ בַּעַל הַבַּיִת וָואס אִיז הַיינְט גְעשְׁטָארְבֶּען אוּנ עֶר הָאט אַיין זָאהְן זַיין נָאמֶען אִיז שמעון, צוּ אִיהם גְעהֶערְט דָאס גֶעלְד, וַוייל דֶעם גַזְלָן'ס זָאהְן הָאט דָאס בַּייא אִיהם גְעגַנְבְתְ אוּנ עֶר הָאט דֶעם גַזְלָן אָפְּגְעגֶעבֶּען, אוּנ דוּא זָאלְסְט זָאגֶען דֶעם בַּעַל הַבַּיִת דָאס עֶר זָאל זַיין זָאהְן לֶערְנֶען תּוֹרָה.

— אִיךְ וֶועל אַלְס טָאן — הָאט דֶער אִיד גְעזָאגְט — אַזוֹיא וְויא דֶער רבי הָאט מִיר בֶּעפוֹילֶען, נוּר לִיבֶּער רבי וַויא זָאל אִיךְ קוּמֶען אִין שְׁטָאדְט מִיט אַ זֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶען וָואס דֶער גַזְלָן הָאט גְעמַאכְט אִין מַיין קֶערְפֶּער? עֶס טְהוּט מִיךְ זֵייעֶר וֵויי:

— בִּיז דוּא וֶועסְט קוּמֶען אִין שְׁטָאדְט — הָאט אִיהם רבי אליעזר פַארְשְׁפְּרָאכֶען וֶועסְט דוּא וֶוערֶען גֶעזוּנְד.

דֶער אִיד הָאט צוּגֶענוּמֶען דָאס גֶעלְד פוּ' דֶעם גַזְלָן אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר בַּייא אִיהם נִיט גֶענוּמֶען וַוייל רבי אליעזר הָאט אִיהם אַזוֹיא בֶּעפוֹילֶען.

דֶער אִיד הָאט נָאךְ צְמָאל גְעקוּשְׁט רבי אליעז:ם הֶענְד אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטָאדְט.

הֶער דוּא שְׁלַאנְג — הָאט רבי אליעזר גְעזָאגְט — דוּא הָאסְט דֵיינֶע שְׁלִיחוּת גְעטְהָאן זֵייעֶר רִיכְטִיג. יֶעצְט בִּין אִ[illegible]

(הייליגע בעט)

גוֹזֵר אוֹיף דיר דוּא זָאלְסְט אַוֶועקְגֵיין אִין דָער מִדְבָּר, אוּנ דוּא זָאלְסְט מֶעהר קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט טָאן קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס.

דיא שְׁלַאנְג הָאט אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען אִיהר קָאפּ אוּנ זיא הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט גֶענֶען רבּי אליעזר אַזוֹיא וִויא זיא וָואלְט אִיהם פַארְשְׁפְּרָאכֶען אַזוֹיא צוּ טָאן אוּנ זיא אִיז אַוֶועק אִין דָער מִדְבָּר.

— וֶוען מִיר וָואלְטֶען דָא נִיט גֶעוֶוען — הָאט רבּי אליעזר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע חֲבֵרִים — וָואלְט דיא שְׁלַאנְג גֶעטָאן פִיל שְׁלֶעכְטֶעס, זיא וָואלְט נֶעווִים גֶעהַרְגֶעט יֶענֶעם אִידֶען וָואס הָאט תְּשׁוּבָה גֶעטָאן מִיט'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּנ דָער גַזְלָן וָואלְט זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁלָאפֶען אוּנ וַוייטֶער בֶּערוֹיבְּט אוּנְשׁוּלְדִיגֶע מֶענְשֶׁען — וִויא קָאן דָאס זַיין? הָאבֶּען דיא חֲבֵרִים גֶעפְרֶעגְט — דיא שְׁלַאנְג וֶועט דָאךְ קֵיינֶעם נִיט קֶענֶען שְׁלֶעכְטֶעס טָאן, ווארוּ עֶס וֶועט נִיט צוּ עֶרְשְׁט בֶּעשְׁטִימְט ווערֶען פוּן הִימֶעל, קָאן דָאךְ מֶעגְלִיךְ זַיין אַז זיא וָואלְט דיא זֶעלְבִּיגֶע מַעֲשִׂים גֶעטָאן אָהן אוּנְז אוֹיךְ, — נַיין — הָאט רבּי אליעזר גֶעעֶנְטְפֶערְט — עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען יֵשׁ נִסְפָּה בְּלֹא מִשְׁפָּט. דָאס הֵייסְט: עֶס טְרֶעפְט אָפְטְמָאל אַז אֵיינֶער שְׁטַארְבְּט אָהן אַ מִשְׁפָּט נוּר אוּנְשׁוּלְדִיגֶערְהֵייט. וָואלְט יֶעצְט אוֹיךְ גֶעוֶוען דָאס זֶעלְבִּיגֶע...

— זָאג אוּנְז — הָאבֶּען דיא חֲבֵרִים גֶעפְרֶעגְט — פוּן וַואנֶען הָאסְט דוּא דָאס אַלְץ גֶעוואוּסְט? — דָער רוּחַ הָאט מִיר אַלְץ גֶעזָאגְט — הָאט רבּי אליעזר גֶעעֶנְטְפֶערְט — עֶר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען דֶעם אִידֶען וִויא עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַגְרוֹיסֶער בַּעַל תְּשׁוּבָה, אוֹיךְ הָאט עֶר מִיר גֶעוִויזֶען דֶעם גַזְלָן וָואס הָאט גֶעשְׁלָאפֶען אִין וַואלְד נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט בֶּערוֹיבְּט דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען אִידֶע׳, עֶר הָאט מִיר אַזוֹיא קְלָאהר גֶעוִויזֶען אַז אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעזֶעהֶען אַקוּרַאט וִויא אִיךְ וָואלְט דֶערְבַּייא גֶעוֶוען. דֶערְפַאר הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעוואוּסְט.

---

# ענדע

(הייליגע בעט)